# פאר נאטור און מענש



## גריכישע מעשה'לאַך.

איבערדערצעהלט קאנ—סקי.

פארלאג „נאטור און מענש״.



# גריכישע מעשה׳לאך.

איבערדערצעהלט קאנ-סקי.



אדרעס פון פארלאג:

דרוקעריי א. ווילטער, יעקאטערינאסלאוו, טארגאווע 2.

Типографія Э. Вильтеръ, Екатеринославъ, Торговая 2.

# היאַצינט.

קיינעם האָט ניט אַזוי ליב געהאַט דער יונגער גאָט אַפּאָללאָ, ווי דעם שענעם יונג היאַצינט, דעם זון פון דעם לאַקאָנישן קייסער אַמיקלעס.

וויפל מאָל פלעגט אַפּאָללאָ זיין היים פאַרלאָזן און אין טאָל פונם טייך עװראָט קומען, די צייט אין יאַגד פאַרברענגען און זיך מיט זיין געליבטן שפּילן.

איינמאָל אין אַ הייסן זומער-טאָג האָבן די חברים פון זיך די קליידער אַראָפּגענומען, די לייבער מיט אייל אָנגעזאַלבט און אין דיסק אָנגעהויבן שפּילן.

מיט זיין שטאַרקער האַנט האָט אַפּאָללאָ דער ערשטער דעם שווערן קופּערנעם דיסק גענומען און אַזוי הויך פאַרוואָרפן, אַז דער דיסק איז גלייך ווי ערגעץ אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן.

נאָר באַלד איז דער דיסק צוריק אויף דר'ערד געפאַלן.

גלייך לויפט היאַצינט צו אים צו, כדי וואָס גיכער זיין בריהשקייט אין דער שפּיל צו באַווייזן, נאָר אין דער זעלבער צייט שפּרינגט אָפּ דער דיסק צוריק פון דער ערד און טרעפט היאַצינטן אין פּנים אַריין.

דערשראָקן איז דער יונגער גאָט צו זיין געפאַלענעם חבר צוגעלאָפן, נאָר אַ פאַרוואונדעטן אויף טויט האָט ער אים אין אַ טייכעלע וואַרים בלוט געטראָפן.

ער ווישט גיך אָפּ דאָס בלוט, וואָס פלייצט ווי אַ שטראָם פון דער וואונד, און פרווט צולעגן צו איר הייל-קרייטאַכער, נאָר דאָס אַלץ איז שוין אומזיסט.

ווי אַ פּיילכען-בלום, ווי אַ ליליע, וואָס איז פונם וואָרצל אויסגעריסן, לאָזט אַראָפּ אירע איידעלע צאַרטע בלעטלאַך און בויגט זיך נידעריג צו דער ערד מיטן פאַרוועלקטן קעפּל, — אַזוי האָט דער שענער יונג, שטאַרבנדיג, צו דער ערד דעם קאָפּ אָנגעבויגן, און שטיל איז דער אָטעם פון אים אָפּגעפלויגן.

טיף פאַרטרויערט שטעהט אַפּאָללאָ איבער זיין טויטן געליבטן און קלאָגט, וואָס ער קאָן ניט שטאַרבן מיט אים צוזאַמען; נאָר כּדי היאַצינט זאָל אָן אַן אָנדענק נאָכן טויט ניט בלייבן, כּדי אויף אייביג זיך מיט אים ניט צוצושיידן, האָט אַפּאָללאָ פון זיין בלוט, וואָס איז אויף דר'ערד געפאַלן, אַ בלום היאַצינט צום לעבן אַרויסגערופן.

די בלום איז ווי בלוט, פון פּייער-רויטן קאָליר.

אויף די צאַרטע בלעטלאַך פון דער בלום זיינען אַזוי ווי אָנגעצייכנט די ווערטער, וואָס אַפּאָללאָ האָט אַזוי אָפּט, און פול מיט צער, געחזר'ט: אי, אי, אי...

יעדן פרילינג בליהט אויף צום יונגס אָנדענקען, די בלום היאַצינט מיט אַ נייעם גלאַנץ; און אין דער הייסער זומער-צייט קומט פאָר אין ספּאַרטע און אַמיקלען לכּבוד דעם געליבטן פון אַפּאָללאָ אַ גרויסער יום-טוב.

דער יום-טוב הויבט זיך אָן מיט באַקלאָגן דעם פריצייטיגן טויט פון היאַצינט און ענדיגט זיך מיט אַ שמחה לכּבוד זיין ווידעראויפלעבונג.

---

# אַדאָניס.

ניט איין געליבטן האָט געהאַט אַפראָדיטע, נאָר קיינער פון זיי איז איר ניט געווען אַזוי טייער און באַליבט, ווי דער וואונדער שענער אַדאָניס, דעם אַסירישן קייסערס זון.

פאַף, קניד און דעם טייך אַמאַטונט, וואָס זיינע וואַסערן טראָגן מעטאַלן, — אַלע יענע ערטער, וואָס די געטין פלעגט מיט אַזאַ פאַרגעניגן אַהין קומען, האָט זי איצט פאַרגעסן צוליב אַדאָניסן — אַפילו דעם הויכן אָלימפּ, דעם הימל.

ניט געפּוצט האָט זי זיך, ניט געצערטלט, ווי פריהער: ביז די קניה אונטערגעשטעקט דאָס קלייד, בלאָנדזשעט זי אַרום מיטן יונג איבער בערג און טאָלן, וועלדער און פעלזן, וואָס זיינען מיט שטעכעלדיגע געוויקסן באַדעקט; מיט הינט יאָגט זי זיך נאָך הירשן, האָזן און אַנדערע ניט געפערלאַכע חיות; אָבער דעם שטאַרקן ווילדן הזיר, דעם בער און דעם וואָלף מיידט זי אויס און בעט אויך אַדאָניסן וואָס ווייטער פון די דאָזיגע חיות זיך צו האַלטן:

„אָ, מיין ליבער, דרייסטקייט איז אַ געפערלאַכע זאַך, שטעל זיך ניט איין משוגע׳נערווייז, פאַל ניט אָן אויף קיין היה, וואָס האָט פון דער נאַטור אַ געפערלאַך געווער: ניט קיין לייב, ניט קיין באַרשטיגער ווילד-חזיר וועלן ניט האָבן, ווי איך, קיין רחמנות — ניט אויף דיינע יונגע יאָרן, און ניט אויף דיין שענקייט: היט זיך פאַר זיי! דיין דרייסטקייט קאָן זיין אַ סכנה פאַר מיר און פאַר דיר".

אַזוי פלעגט ניט איין מאָל טענה'ען די געטן, און פאָלגן פלעגט איר דער בחור, כל זמן זי איז געווען מיט אים.

נאָר איינמאָל, ווען זיי זיינען געווען אויפן אינזל קיפּר, איז אַדאָניס צו ווייט פון אַפראָדיטען אַוועק און האָט אירע עצות פארגעסן.

זיינע הינט האָבן פונם געדיכטן וואַלד אין פעלד אַ שרעק-לאַכן ווילד-חזיר אַרויסגעטריבן, און אַדאָניס האָט זיין שפּיז אין אים אַ וואָרף געטאָן.

אַ צערייצטער האָט דער פאַרבלוטיגטער חזיר זיך אומגעקערט און אויפן בחור געטאָן זיך אַ וואָרף; דער יונג האָט זיך געלאָזט אַנטלויפן, נאָר דאָס האָט אויך ניט געהאָלפן.

מיט זיינע שטויס-ציינער האָט דער ווילד-חזיר אים אַזוי איין זייט אַריין דערלאַנגט, אַז ער איז באַלד אויף דר'ערד פאַרוואונדעט אַ טויטער געפאַלן.

פון ווייטן האָט אַפראָדיטע דערהערט דאָס קרעכצן פונם שטאַרבנדיגן יונג און אין איר שטרייט-וואָגן, וואָס איז מיט שוואַנען איינגעשפּאַנט, איז זי צולויפן געקומען אויפן אָרט, וואו דאָס אומ-גליק האָט געטראָפן.

ווען זי האָט דעם יונג אַ טויטן דערזעהן, איז זי באַלד פונם שטרייט-וואָגן אַראָפּ; זי צערייסט די קליידער אויף זיך, קלאַפּט און רייסט זיך די ברוסט, יאָמערט און פאַרגיסט ביטערע טרערן.

נאָר מיט וויינען קאָן זי דעם טויטן געליבטן ניט לע-בעדיג מאַכן. און כדי ער זאָל אינגאַנצן אָן אַ זכר ניט פאַרבלייבן האָט מיט געטלאַכן נעקטאָר אַפראָדיטע ויין בלוט צונויפגעמישט און אין אַ בלוט-רויטע בלום פאַרוואַנדלט.

קורץ, ווי דאָס לעבן פונם יונג איז געווען, איז די צייט פון דער בלומס בליהען, באַלד בלאָזט דער ווינט אַראָפּ אירע גינ-זועלקנדיגע בלעטלאַך.

און דעריבער האָט זי דעם נאָמען אַדאָניס באַקומען.

---

# דאַפנע.

אַפּאָללאָ׳ס ערשטע ליבע איז געװען — דאַפנע, די נימפע. ביט צופעליג האָט אַפּאָללאָ די שענע נימפע ליב געקראָגן: דאָס איז דעם בייזן עראסעס נקמה געװען.

אַפּאָללאָ, דער מעכטיגער גאָט, האָט ערשט ניט לאַנג מיט זיין פייל דעם שרעקלאַכן שלאַנג פּיטאָן דער׳הרג׳עט, און אַ שטאָלצער נאָך מיט זיין נצחון, האָט ער אָנגעהויבן שפּעטן פון עראָסן און האָט אים אַזוי געזאָגט:

„נו, צו וואָס דאַרפסטו, פריילאַכער אויסגעלאַסענער יונג, אַזאַ קריגערישע כּלי-זיין?

טראָגן דעם בויגן פּאַסט דאָך פאַר מיר, דאָס האָב איך דאָך ערשט ניט לאַנג מיט מיינע פיילן דעם אומגעהייער פּיטאָן דער׳-הרג׳עט.

פאַר דיר וואָלט גענוג געװען דיין פאַקעל, און בכלל בעסער פאַרהער זיך מיט מיר ניט"!

מיט כּעס האָט עראָס אָפּגעענטפערט:

„זאָלען, פייבוש, דיינע פיילן הערשן איבער אַלץ, וואָס עס לעבט, — מיין פייל וועט אויך איבער דיר געוועלטיגן; זאָלן אַלע באַשעפענישן אין דיין רשות זיין, פאָרט ביז איך באַרימטער פון דיר".

* *

*

מיט די דאָזיגע ווערטער האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט די פליגל און האָט זיך הויך איבערן שפּיץ פון פּארנאַס אויפגעהויבן.

דאָרט האָט ער פון זיין פוטער-פאַס צוויי פיילן אַרויסגענומען, וואָס זיינען גאַנץ פאַרשידן געווען:

איין פייל פלעגט ליבע אָפּטרייבן, די אַנדערע—איינפלאַנצן;

איינע אַ בלייענע, אַ טומפּע — די אַנדערע אַ גאָלדענע, מיט אַ גלאַנציגן שפּיץ.

מיט דער גאָלדענער האָט ער אַפּאָללאָ געטראָפן, מיט דער בלייענער — אין דאפנען.

* * *

*

ביז איצט פלעגט דאַפנע איינע אַליין, ווי אַרטעמידע די בתולה, איבער בערג און טאָלן, פעלדער און וועלדער אַרומוואַנדערן.

ניט איין יונג, וואָס האָט זי ליב געקראָגן, האָט זי פון זיך אָפּגעשטופּט.

אָפט פלעגט זי דער פאָטער בעטן, זי זאָל אַ מאַן זיך נעמען און אים מיט אַן איינינקל באַגליקן, — נאָר אומזיסט.

שמייכלענדיג צים פאָטער, האָט זי אים געבעטן, ער זאָל זי לאָזן אויף אייביג פריי בלייבן.

דער פאָטער האָט געגן דעם גאָרניט געהאַט, נאָר די שענקייט פון דער נימפע האָט איר גאָר אַן אַנדער גורל אָנגעגרייט.

איצט האָט אַפּאָללאָ זי דערזעהן און פון עראָסעס פייל געטראָפן, האָט ער זי אין דער זעלבער רגע הייס ליב געקראָגן.

די נימפע, אָבער, דערזעהענדיג דעם גאָט, איז פון אים אַנטלאָפן, ווי אַ ווינט זאָל זי טראָגן, און וויפיל ער האָט זי ניט געבעטן זיך אָפּשטעלן, האָט זי אים ניט געוואָלט הערן.

— „בלייב שטעהן, פעניים טאָכטער“, —האָט ער זי רחמים געבעטן און איז נאָך איר נאָכגעלאָפן: — „ניט מיט בייזע כוונות יאָג איך זיך נאָך דיר, בלייב שטעהן נימפע! אַזוי אַנטלויפט דאָך נאָר אַ לעמעלע פאַר אַ וואָלף, אַ טייבעלע פאַר אַן אָדלער, פאַרן

שונא און מיך צווינגט נאָך דיר ז'ך נאָכצוּויאָגן הייסע ליבּע צו דיר.
וועסט דאָך צעקרעלן דיינע דינע, צאַרטע פּיס מיט שטעכלקעס פון דערנער, און דאַן וועל איך באַשולדיגן זיך אַליין אין דיינע ליידן.

די ערד, איבּער וועלכער דו לויפסט, איז ניט גלאַט, לויף ניט אַזוי פלינק, און איך וועל אויך ניט אַזוי גיך דיך נאָכיאָגן.

פרעג, ווּעמען דו געפעלסט. כ'בין דאָך ניט קיין גראָבער באַרג־פּאַסטוך, צו מיר דינען דעלפן, קלאָראס און דעלאָס; מיין פאָטער איז זעווס, איך בין דער, וואָס האָט די לירע אויסגעטראַכט און אויך דעם פיילנבויגן געמאַכט; די וועלט רופט מיך היילער און רעטער.

נאָר קעגן מיין ליבּע קאָן איך קיין היילקרייטאַכץ ניט געפינען".

*    *

*

נאָך פיל זאַכן האָט אַפּאָללאָ זאָגן געוואָלט, נאָר דאָס מיידל האָט די טריט אירע צוויי מאָל גרעסער געמאַכט, און נאָך פלינקער איז אים אויסגעקומען נאָך איר צו לויפן.

גיך און געשווינט האָבּן זיי זיך געיאָגט:

ער מיט האָפנונג באַפליגלט, זי פון שרעק געטריבּן.

אויף די פליגל פון ערָאס'ן האָט אַפּאָללאָ ניט אויפגעהערט דאַפנען נאָכצולויפן, און האָט זי אויף קיין רגע ניט צו רוה געלאָזט.

אָט וועט ער זי באַלד דעריאָגן.

די נימפע פילט שוין אויף זיך זיין הייסן אָטעם.

אירע כחות זיינען אָפּגעשוואַכט, זי איז בלאַס און אויסגעמאַטערט פונם אָנגעשטרענגטן לויפן.

*    *

*

און דערזעהענדיג די כוואַליעס פון פּעניי, האָט זי אויס-געשריען:

„פּאָטער מיינער, אויב דיין וואַסער האָט עפּעס אַ געטלאַכע מאַכט, קום מיר צו הילף!

אָ, דו ערד, עפן זיך, שלינג מיך איין, אָדער נעם ביי מיר צו מיין שיינעם געשטאַלט, וואָס ברענגט מיר נאָר באַליידיגונג".

און נאָר וואָס זי האָט דאס אויסגערעדט — ערשט עפּעס אַ שווערע מידקייט קאָוועט אירע גלידער צונויף; דינע, צאַרטע קאָרע פאַרציהט איר יונגע ברוסט.

אירע האָר ווערן אין גרינע בלעטער פאַרוואַנדלט.

די הענט — אין צווייגן.

ווי וואָרצלען וואַקסן אַריין אין דער ערד אירע פיס, וואָס זיינען ערשט נאָך אַזוי פלינק געלאָפן.

אָבער אויך אין דעם דאָזיגן צושטאַנד בלייבט זי שען.
אויך אין דעם דאָזיגן געשטאַלט האָט זי פייבוש ליב.

* *

*

ער האט מיט דער האַנט דעם שטאַם אַרומגענומען און פילט ווי אונטער דער קארע צאַפּלט איר ברוסט.

צערטלאַך כאַפּט ער אין זיינע ארעמס דעם בוים און באַדעקט אים מיט קושן.

אבער אויך זייענדיג אין אַ בוים פאַרוואַנדלט, ווייכט זי יי נע קושן.

* *

*

„דו האסט ניט געקאנט מיין פרוי זיין,—זיי איצט מיין בוים. פון היינט אן וועסטו, מיין טייערער לארבער-בוים, מיין קאפּ באַ-קרוינען, מיין פוטער-פאַס און מיין לירע באַקראַנצן.

און אַזוי ווי פון מיין קאפּ הענגען שטענדיג אַראָפּ געקרייזלטע לאָקן, אַזוי זאל אויך דיין שפּיץ מיט אייביג יונגן גרינס געקרוינט זיין". —

אַזוי האט געזאגט אַפּאללא.

און ענטפערנדיג אים, האט דער לארבער-בוים מיט זיינע פרישע צווייגן אַ מאך געטאן און מיט זיין גרינער קרוין, ווי מיט אַ קאפּ, אַ שאקל געטאן.

---

# נאַרציס און עכאָ.

נאַרציס, קעפיס׳עס און לאריאנ׳ס זון, איז געווען אַ וואונדער־שענער יונג, אַזוי אַז יעטווידער, וואס האט אים נאר דערזעהן פלעגט באַלד ווי פאַר׳כישופ׳ט ווערן.

נאר אונטער דעם דאזיגן שענעם געשטאַלט האט זיך באַהאַלטן אַ האַרט האַרץ פון אַ גזלן, וואס פלעגט יעטווידער ליבע־געפיל אפּוואַרפן.

אַמאל, בשעת נאַרציס האט אין זיין יאַגד־נעץ אַן איבער־געשראקענעם הירש פאַרטריבן (די מעשה איז פארגעקומען אויפן הייליגן באַרג קיטעראן), האט דעם בחור דערזעהן די נימפע עכא. און באַצויבערט פון זיין שענקייט, איז זי שטילערהייט אים נאכגע־לאפן דורך קוסטעס און וועלדער, בערג און טאלן, און וואס ווייטער זי איז נאך נארציסן געלאפן, אַלץ שטאַרקער האט איר ליבע צו אים געפלאַקערט: דאס האט זי הערא די געטין געשטראפט, אַזוי אַז זי האט ניט רעדן די ערשטע געקאנט, ניט שווייגן, ווען אַן אנדערער האט גערעדט.

שטאַרק האט זיך איר געגלוסט דעם בחור אַ פריינדלאַך און אַ ליב ווארט צו זאגן, נאר זי איז ניט אימשטאַנד געווען דאס צו טאן, און מיט גרויס מיה האט זי זיך איינגעהאַלטן ביז אַ געלעגנ־הייט, אויף זיינע רייד זיך אפּצורופן, און דאס האַרץ פאַר אים אויפצודעקן.

און די געלעגנהייט איז געקומען. דער בחור האט זיך פאַר־בלאנדזשעט און איז פון זיינע חברים אפּגעשטאַנען.

* * *

מיט וואונדער קוקט ער זיך אַרום און שרייט: „איז דא ווער פאַראַן״?

— „פאַראַן״ ענטפערט אפּ עכא.

דערשטוינט איז נארציס שטעהן געבליבן, זיך אַרומגעקוקט:— „אַהערצו״ שרייט ער אויס. — „אַהערצו״ ענטפערט אים עפּעס אַ געהיימע, מאדנע שטימע.

אומגעקוקט זיך צוריק—קיינער ניט פאַראַן אויך הינטן. —

„וואס פאַרפאלגסטו מיך?״

— און די זעלבע שטימע חזר׳ט איבער:

„וואס פאַרפאלגסטו מיך?״

— „קום, אַרויס אַהערצו, לאמיר חבר זיין!״

און דער קול ענטפערט אים אפּ מיט צערטלאַכער פריינדלאַכקייט: „לאמיר חבר זיין״.

פון די געדיכטע קוסטעס באַווייזט זיך די נימפע און שטרעקט צום בחור די הענט אויס, נאר ער לויפט פון איר אַוועק, און אַנטלויפנדיג, שרייט ער אויס:

„דיין האַלזן וויל איך ניט, שטאַרבן וועל איך, נאר מיט דיר זיך ניט דערנעהנטערן!״

און אויך דערויף האט עכא געענטפערט: „ניט דערנעהענטערן!״

מיט די דאזיגע ווערטער איז די נימפע אין וואַלד פאַרשוואונדן און האט איר פאַרשעמט פנים אין די גרינע צווייגן באַהאַלטן.

פון דעמאלט אן באַהאַלט זי זיך פון בושה צווישן פאַרן וואַרפענע געהיימע גראטן.

נאר די ליבע האט זי נישט געלאזט צו רוה; נאך שטאַרקער איז זי געווארן צוליב דער פאַראַכטונג, וואס זי האט באַגעגנט. און איר צער האט, אַלץ וואַקסנדיג, איר יונג בליהענדיג לייב אויסגעטרוקנט — און ס׳איז אַ רחמנות געווען אויף איר צו קוקן.

באַרעקט איז איר פנים מיט קנייטשן געווארן, אויסגעדאַרט האבן אירע גלידער, אויסגעמאגערט האבן זי די צרות, געבליבן זיינען פון איר נאר קול און ביינער.

דער קול הילכט, ווי פריהער, מיט כח. פון די ביינער אבער איז אַ פעלז געוואָרן.

דער קול אירער הילכט צווישן בערג און וועלדער; אבער זעהן קאָן זי קיינער ניט, נאר הערן קאָן זי יעדערער.

און ניט נאר די איינציגע נימפע האט פון דעם שטאָלצן גזלן, פונם האַרצלאָזיגן בחור, געליטן.

איינע פון די דאזיגע באַליידיגטע האט די הענט צום הימל אויפגעהויבן און אויסגעשריען: „אה, זאל אויך ער אַזוי אומגליקלאַך אין ליבע זיין! זאל אויך ער פון זיינע געליבטע קיין תענוג ניט זעהן"!

און די באַליידיגטע אפראדיטע האט איר געבעט צוגעהערט.

איינמאל, אין אַ הייסן זומערטאָג איז נארציס געווען אויפן העליקאָן, וואו ער האט נאך ווילדע חיות זיך געיאָגט. איינגעמאַטערט איז ער צו אַ זילבער-העלן שטראָם צוגעגאַנגען, וואס איז אונטערן עדיכטן שאָטן פון הויכע בוימער שטיל געראָנען.

ער האט זיך צוגעלעגט אויפן שטויביגן גראָז, אויפן ברעג פונם קוואַל, און האט זיך נאך אַ טרונק אנגעבויגן.

אינם וואַסער האט ער אַ רייצנדיג-שענעם יונג דערזעהן ...

דאס איז געווען די אפשפיגלונג פון זיין אייגענעם געשטאַלט וואס האט אַזוי פיל הערצער מיט ליבע און אַ האפענונג צעבראכן.

איצט איז אים באַשערט געווען זיין אייגן האַרץ ענטציקן און פון זיך אַליין א תל מאַכן. ווי פון אַ כישוף צוגעקאווועט, האט ער אויף זיין אייגענעם צאַרטן רייצנדיגן געשטאַלט געקוקט און הייסע ליבע אן אַ גרעניץ האט זיך אין זיין האַרצן אנגעצונדן. ניט באַמערקט האט ער, אַז דאס האט ער ליב זיך אַליין, און חדוש'ט זיך אויף זיין אייגענעם געשטאַלט.

זיינע אויגן קאָנען זיך אויף דעם געשטאַלט אין וואַסער ניט זאַט אנקוקן, זיינע ליפן זוכן די ליפן פונם שענעם יונג און קושן די קאַלטע וואַסער-טראָפּן.

פול מיט גלוסטן ציהט ער אויס די הענט און כאַפּט אַרום די כוואַליעס; ער פאַרגעסט אן עסן און טרינקען, ער פאַרגעסט אן שלאָפן: —

„ווער און ווען האט גרעסערע יסורים געליטן!" — האט ער אויסגעשריען:

„ניט קיין ימים צעשיידן אונז, ניט קיין בערג — אַ נידעריגער וואַסער שטראם פונם קוואַל לאזט אונז ניט דערנעהנטערן זיך.

געה אַרויס פון דיין קוואַל, רייצנדיגער בחור, קוק זיך אן אין מיין שענקייט; איך בין שען, און דו, ווייס איך, ביסט צו מיר פריינדלאַך.

ווען איך ציה צו דיר אויס די הענט, עפענסט דו מיר דיינע אָרעמס.

ווען איך שמייכל, ענטפערסטו מיר אויך מיט אַ שמייכל.

ווען איך וויין, פאַרגיסטו אויך טרערן;

אויף מיינע רייד ענטפערסטו מיר גאר פריינדלאַך:

דאס זעה איך נאך דיינע שענע ליפן נאך; נאר פאַרשטערן דיין ענטפער קאן איך ניט —

ווער מיר! איך פיל, אַז איך לאז זיך פאַרפירן פון מיין אייגענעם געשטאַלט, — איך האב ליב זיך אַליין!"

זיינע כחות געהען אויס, ער פילט שוין, אַז נאהענט איז דער טויט, און פארט קאן ער די אויגן פונם געשטאַלט ניט אפּווענדן. ניט גערירט זיך פון ארט זיצט ער, די ליידנשאַפט עסט אים אויף — ער קוקט אין קוואַל אַריין, און טריקנט, ווי דער טוי פארן זונען אויפגאַנג.

עכא, וואס ער האט אַמאל אַזוי מבייש געשטעלט, האט אים דערזעהן, און הגם זי האט איר בזיון נאך ניט פאַרגעסן, דאך האט זי דעם בחור ליב געהאַט און אים אין זיינע ליידן מיטגעפילט.

ווי נאר ער שרייט אויס: „ווער מיר!" שרייט זי אויך אויס נאך אים: „ווער מיר"!

זיפצט ער, זיפצט זי אויך.

אויפן פרישן גראז לאזט אַראפּ נארציס זיין מידן קאפּ, און דער טויט קלעמט צונויף זיינע אויגן.

אַרום אים וויינען די וואַלד-דריאדן, —

צוזאַמען מיט זיי וויינט אויך די נימפע.

זיי האבן געוואלט דעם געשטארבענעם יונג מקבר זיין, זיי האבן זיין גוף געזוכט, נאר אין ערגעץ ניט געקאנט געפינען.

אויף דעמזעלבן ארט, וואו נארציס האט זיין שענעם צאַרטן קאפ אויפן גראז אַראפּגעבויגן, איז פון דער ערד אַ וואונדערלאַך שענע בלום מיט ווייסע בלעטלאַך פון קאלטער שענקייט אן אַ סימן פון לעבן אויסגעוואַקסן.

דער דאזיגער בלום האט מען אַ נאמען געגעבן נארציס.

---

# קיפּאַריס.

אויף די ברייטע פעלדער פונם אינזעל קעאָס האָט זיך באַפּאַשעט אַ הירש אויף חדושים, וואָס איז צוליב זיין שענקייט און גרויסאַרטיגקייט געהייליגט געווען צו די נימפן.

זיינע ברייט-צווייגיגע הערנער האָבן ווי גאָלד געגלאַנצט. זיין בייגלאַכער האַלז איז מיט גלאַנציגע איידלשטיינער באַהאַנגען געווען, אַ זילבערן גלעקל אויף אַ דינעם רימענדל איז אויף זיינע הערנער געהאַנגען, זיינע אויערן זיינען מיט אויערינגלאַך פון פּערל באַפּוצט געווען.

שוין פון לאַנג אָן האָט דער דאָזיגער הירש זיין געבוירענע ווילדקייט און פחדנות פאַרלאָרן: ער פלעגט צו מענשן אין זייערע הייזער אַריינקומען און אַפילו ניט באַקאַנטע הענט פלעגט ער זיך גלעטן לאָזן.

און קיינער האָט אַזוי ניט ליב געהאַט די דאָזיגע שענע און ווילדע חיה, ווי דער יונגער קיפּאַריס, דער זון פון אַ מלך, וואס האָט איבער'ן אינזל קעאָס געהערשט.

דער בחור פלעגט דעם הירש אויף די לאָנקעס פירן, וואו געווען איז זאַפטיג און פריש דאָס יונגע גראָז, העל און ריין— דאָס קוואַל-וואסער.

מיט העלע בלומען פלעגט ער זיינע הערנער אַרומוויקלען, אויף זיין רוקן זיך זעצן און ווי אַ רייטער אויף אים איבער די לאָנקעס אַרומפאָרן.

איין מאָל אין אַ הייסן טאָג האָט דער הירש זיך איינגעמאַטערט און האָט זיך אין וואַלד-שאָטן אנידערגעלעגט.

און אויסגעצויגן זיך אינ׳ם הויכן גראָז, האָט ער זיך מיט
דער קילער לופט געקוויקט און זי מיט׳ן פולן מויל געטרונקען.
נאָר פּלוצלונג האָט אים אַ שפּיז געטראָפן, וואָס דער פאַר-
שייטער קיפּאַריס האָט געוואָרפן.
טיפער יאוש איז דעם בחור באַפאַלן, ווען ער האָט דערזעהן,
ווי זיין באַליבטער הירש געהט אויס פון דער שווערער וואונד;
ער האָט שוין אַליין שטאַרבן געוואָלט און האָט ביי אַפּאללא
דעם טויט אויף זיך אנגעהויבן בעטן.
אַפּאללא, וואס איז קיפּאַריס פריינט געווען, האָט אומזיסט
אים טרייסטן געפּרוווט זיך:
דער בחור יאָמערט און איין חסד בעט ער ביי די געטער:
אויף אייביג זאָל זיין טרויער אויפהערן.
און די בלאַסע גלידער, וואס זיינען פון וועהטאָג און געוויין
אויסגעמאַטערט געוואָרן, הויבן אן גרין ווערן.
די לאקן, וואס האָבן דעם שניי-ווייסן פּנים אַרומגעוויקלט,
ווערן פאַרהאַרטעוועט און פאַרוואַנדלען זיך אין קיפּאַריסן-נאָדלען,
און פונם יונג ווערט אַ הויכער קיפּאַריסן-בוים.
טיף האָט אַ זיפץ געטאָן דער גאָט אפּאללא, זעהענדיג די
דאָזיגע פאַרוואַנדלונג פון זיין ליבן. און פול מיט צער האָט ער
אַ זאָג געטאָן: „מיין ליבער פריינט, אייביג וועסט דו אויך באַוויי-
נען פרעמדע צרות, באַטרויערן פרעמדע ליידן!“
אַזוי איז געשאַפן געוואָרן דער קיפּאַריס,—דער בוים פון
וויינען און טרויער.





# פארלאג „נאַטור און מענש“

דער פאַרלאַג האָט באַשלאָסן פאַרברייטערן דעם קרייז פון זיין טעטיגקייט, און פאַר דער נעכסטער צייט האָט ער אָנגעמערקט אַ סעריע ביכער פאַר דער זעלבסט-בילדונג פון דעם אַנטוויקלטן אַרבעטער און עלטערע קלאַסן פון דער מיטל-שול

פון דער דאָזיגער סעריע זיינען שוין גרייט צום דרוקן און וועלן אינגיכן דערשיינען:

1) טימיריאזיעוו. דאָס לעבן פון געוויקסן.

2) ניעטשאיעוו. אין דער ממשלה פון וואַסער און ווינט.

3) קארצינעל. פאָפולערע מעכאַניקע.

# פאַרלאג „נאַטור און מענש"

## ס'איז ארויס פון דרוק:

1) דאָס וואַנדערן פון די פויגל—באָג-דאַנאָוו פרייז 1 ר. 15
2) לויפנדיגע פויגל—נאָך ברעם און אַנד. פרייז 1 „ 30 „
3) די גרויע ענטל—סעטאָן־טאַמפּסאָן. פרייז 1 „ 70 „
4) די קוקאַווקע—עוואַלד פרייז 1 „ —
5) פון אַמאָליגע צייטן—ד'ערווילי פרייז 4 „ 60
6) דאָס בוך—פון י. דוואָרקין„ 3 „ 30 „
7) אויפ'ן פעלד און לאָנקע—הערמאַן וואַגנער פרייז 3 „ 75
8) אויפ'ן פעלד און לאָנקע II טייל—פּראָם. הערמאַן וואַגנער. פרייז 3
9) דערצעהלונגען—אנטאָן טשעכאָוו פרייז 1 „ 75 „
10) דער הונט—אַ. ברעם.
11) נאָכן טעלערל פון הימל (אַ מעשה'לע) פרץ מאַרקיש. פרייז 2 רוב.
12) שטיפעריש (לידער) פרץ מאַרקיש 6 ר.
13) דער למד-וו'ניק—פּ. היילפּערין 1 ר. 60 ק.
14) האָלאַנד און בעלגיען—באַאַרבעט פון פּ. היילפּערין פרייז 2 רוב.
15) ווי פייגלאַך בויען נעסטן—מ. ברעס 2 ר.
16) די זון—סורפּין נאָך פלאַמאַריאָן און אַנד. פרייז 1 ר. 90 ק.
17) די קאַץ—נאָך ברעם און אַנד. פרייז 5 ר.
18) מעשה'לאַך — אָסקאַר אואַלד, איבערז' פּ. היילפּערין פרייז 8 ר'
19) מעשה'לאַך פון גריכישער מיפּילאָגיע—קאָנסטאַנטינאָפּאָלסקי פרייז 2 ר. 25

---

## ס'דרוקן זיך און וועלן אינגיכן ערשיינען:

1) די שווייץ—באַאַרבעט פון פּ. היילפּערין
2) די גרונד-פּרינציפּן פון מעכאַניק—קאַרצינעל.

# דרוק-פעלער

| זייט | שורה פון אויבן | געדרוקט | לעזן |
|---|---|---|---|
| 3 | 22 | פּרווט | פּרואווט |
| 5 | 17 | משוגע׳נערווייז | משוגע׳נערווייס |
| 8 | 1 | פוטער־פּאָס | פוטער־פּאָס |
| 9 | 1 | שונא | שונא, |
| 10 | 24 | פוטער־פּאָס | פוטער־פּאָס |
| 12 | 5 | גזלן | גדלן |
| 14 | 5 | גזלן | גדלן |
| 15 | 13 | פארשטערן | פארשטעהן |
| 15 | 20 | טריקנט | טרוקנט |
| 17 | 22 | איין מאל | איינמאל |
| 18 | 10 | געפּרווט | געפּרואווט |
| 18 | 12 | טרויער אויפהערן | טרויער ניט אויפהערן |

